שילער־ביבליאָטעק

וו. סקאָפּין

# דער ערשטער איבערפֿלי פֿון אַ קליין פֿייגעלע

ווײסרוסישער מעלוכע-פֿארלאג
מינסק — 1929

אִין אַ געדִיכטן וואַלד אונטער מאָסקווע אַף דִי צווײַגן פֿון אַ גרויסן בוים האָבֿן זִיך פֿאַרזאַמלט פֿיל פֿייגעלעך.



דאָס סאַמע עלטסטע פֿון זיי האָט זִיך געווענדט צו דִי איבֿע־רִיקע מִיט אַזעלכע ווערטער:

— מיינע טײַערע! ס׳קומט אָן דער האַרבֿסט. באַלד וועלן זִיך אָנהויבן רעגנס און דערנאָך פֿרעסט. בײַ די ערשטע קעלטן וועלן שוין פֿאַרשווִינדן דִי פֿלִי־געלעך מִיט דִי ווערימלעך, מִיט וועלכע מִיר דערנערן זִיך: מ׳דאַרף בײַטן דעם וואָינאָרט. אִיר, יונגִינקע פֿייגעלעך, ווייסט נאָך עפּשער נִיט, אַז יעדן יאָר מִיטן אָנקומען פֿון האַרבֿסט לאָזן מיר זִיך קאָמפּאַניעסווײַז קײַן אַפֿרִיקע; דאָרט אִיז וואַרעם און דאָרט פֿאַרבֿרענגען מִיר פֿריילעך דִי צײַט.

און ווִי נאָר דאָ גייט אַראָפּ דער שניי, ס׳הויבט אָן וואָרעמען דִי זון, ס׳ווײַזן זִיך גרעזעלעך און ס׳לאָזן זִיך

פאַנאַנדער די בלעטעלעך, קומען מיר ווידער צופליען אַהער, לייגן דאָ אייעלעך, זיצן אויס קליינטשינקע פייגע־לעך, און אַזוי קומט עס פאָר יעדן יאָר. איַך וועט איצט אויסקומען פליען דעם ערשטן מאָל. דער וועג איז אַ ווייַ־טער, נאָר האָט קיין מוירע ניט. קויעך ווערט איַך סטאַיען! נאָר מיר וועלן שוין ניט שטיפן פליענדיק רעכטס און לינקס—מיר וועלן זיך לאָזן גלייַך אַהין, צום אָרט, וווּ מיר וועלן ווינטערן.

— איך בין שוין געפלויגן פאַראַיאָרן—האָט באַמערקט אַ צווייט פייגעלע—אָך סאַראַ טייַערע רייַזע דאָס איז גע־ווען! וויפל נייַעס און אינטערעסאנטעס מע באַגעגנט דאָס אַפן וועג. איך בין געפלויגן מיט דער מאַמען, און די מאַ־מע פלעגט מיר אַלץ דערקלערן.

— נו, מייַנע טייַערע,—האָט איר איבערגעשלאָגן די רייד דאָס עלטסטע פייגעלע,—צייַט צו רוען. שלאָפט זיך גוט אויס די נאַכט, און מאָרגן אין וועג.

אַף מאָרגן, ווען ס׳האָט זיך אופגעקליבן די גאַנצע טשאַטע, האָט דאָס אַלטע פייגעלע איבערגעציילט אַלעמען און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: איינס, צוויי, דריי!...

די פייגעלעך האָבן זיך אופגעהויבן אינדערהויך און זייַנען אַוועקגעפלויגן אַף דאָרעם.

גיך האָבן זיך פאַרבייַגעטראָגן טייַכלעך, וועלדער, פעלדער, לאָנקעס, דערפער, שטעט און שטעטלעך.

— זאָגט נאָר, כ׳בעט איַך, וואָס איז דאָס פאַר אַ שטאָט?—האָט אַ פרעג געטאָן אַ קליין פייגעלע.

— דאָס איז טולע, דערנאָך וועט זײַן אָריאָל און דער־נאָך קורסק.

די צווייטע נאַכט האָבן זיי איבערגענעכטיקט אין וואַלד אין ווײַטער אין וועג.

— אַך, סאַראַ גרויסער טײַך!

— דאָס איז דער דנעפּר, מײַן טײַערע. אַף דעם טײַך שטייט איינע פון די עלטסטע רוסישע שטעט—קיעוו הייסט זי.

די פייגעלעך זײַנען גיך די כגעפלויגן רוסלאַנד, האָבן פאַרכאַפּט אַ שטיק פון דער שכיינעסדיקער מעלוכע עסט־רײַך, זײַנען דורכגעפלויגן אַ טייל פון איטאַליע און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַפן ברעג.

— אָט איז אַ גרויסער טײַך! אין דער צווייטער ברעג זעט זיך אַפילע ניט.

— דאָס איז ניט קיין טײַך, נאָר אַ יאַם—ער רופט זיך מיטללענדישער, דערפאַר ווײַל ער געפינט זיך צווישן דריי ערדטיילן: צווישן אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע. מיר געפינען זיך איצט אין אייראָפּע, אָט דאָרט, לינקס, געפינט זיך אַזיע און פאָרויס, אַף יענער זײַט יאַם, איז אַפריקע.

— און מיט וואָס אונטערשיידט זיך אַ יאַם פון אַ טײַך?

— פאַרשטייסטו מיך. אַ טײַך פונקט אַזוי, ווי אַ ריטשקעלע, פליסט זיך אין אַ פאַרטיפונג, וועלכע רופט זיך אָן טײַך־בעט. אָנהויבן—הויבט זיך דער טײַך אָן גאָר אַ קליינינקע, אונטערוועגנס גיסט זיך אין אים אַרײַן וואַ־



סער פֿון אַנדערע טײַכלעך, און ער ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער, און צום סאָף גיסט זיך די טײַך־וואַסער אַרײַן אין יאַם, און אין יאַם איז די וואַסער אַלע מאָל געזאַלצן־ביטערלעך, מען קאָן זי ניט טרינקען.

— פֿאַרוואָס איז די וואַסער געזאַלצן?

— דער יאַם איז זייער טיף, די וואַסערן זײַנע באַוואַשן די ערד, וועלכע האָט אין זיך פֿיל זאַלצן און אַנדערע ביטערע זאַכן, און דערפֿאַר ווערט די וואַסער געזאַלצן.

די פֿייגעלעך האָבן מורא געהאַט צו פֿליען איבערן יאַם—זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי וועלן זיך אָפּמאַטערן, וועלן ניט קענען דערפֿליען צום ברעג און וועלן דערטרונקען ווערן.

דאָס אַלטע פֿייגעלע האָט זיי אָבער באַרויִקט, עס האָט זיי פֿאַרזיכערט, אַז קויעך וועט סטאַיען בא אַלעמען. און זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג.

באַם ברעג איז דער יאַם געווען רויִק, און דער הימל האָט זיך אין אים אָפּגעשפּיגלט, ווײַטער אָבער פון ברעג האָט דער יאַם געשטורעמט, און די כוואַליעס האָבן קאַסדיק געשוימט, יאָגנדיק איינע די אַנדערע.

שווער איז געווען די פייגעלעך איבערצופליען אַזאַ גרויסן שטעך, ניט אָפּרוענדיק, נאָר זיי האָבן עס פונדעסטוועגן בײַגעקומען און זײַנען געקומען קײַן אַפריקע.

— אָט איז דער ניל—דער גרעסטער טײַך אין דער וועלט. דער טײַך צעגיסט זיך יעדן יאָר און טראָגט פאַנאַנדער ווײַט פון אירע ברעגן דעם שליים, וועלכער מאַכט איר באָדן זייער פרוכטבאַר.

— און וואָס פלאַנצט מען אין דער ערד?

— דאָ זייט מען בוימוואָל, פון וועלכן מע מאַכט אַלערליי סכוירעס. און אָטאָ זעט אַף רעכטס קאָלאָסאַלע געבײַדעס פון זייער גרויסע שטיינער—דאָס זײַנען פיראַ־



מיִדן. די גרעסטע פֿון זיי האַלט מער ווי צו 200 טריט פֿון יעדער זייט. אויבנצו ווערן זיי אַלץ שמעלער און שמעלער.

— און צוליב וואָס האָט מען געבויט אַזעלכע אומגעלומפערט־גרויסע געביידעס?

— דאָס האָבן געבויט די קייסאָרים פֿאַר זיך. ווען די קייסאָרים פֿלעגן שטאַרבן, פֿלעגט מען זייערע קערפּערס באַלזאַמירן, ד. ה., מע פֿלעגט זיי אָנרייבן מיט אַלערליי זאַכן, קעדיי זיי זאָלן ניט פֿוילן. מע פֿלעגט עס אַרייַנלייגן אין אַ שטיינערנער קעסטל, וועלכע האָט זיך גערופֿן סאַרקאָפֿאַג, און מע פֿלעגט עס אַרייַנשטעלן אינעווייניק אין דער פּיראַמידע. עטלעכע אַזעלכע סאַרקאָפֿאַגן מיט קערפּערס האָבן זיך אופֿגעהיט ביז הייַנטיקן טאָג.

דער קייסער פֿלעגט אָנהויבן בויען די פּיראַמידע נאָך בײַם לעבן און וואָס לענגער ער פֿלעגט לעבן, אַלץ גרעסער פֿלעגט אַרויסקומען די פּיראַמידע. אַרום דער גרעסטער פֿון זיי האָבן געאַרבעט איבער 100.000 מענטשן. קייַן מאַשינעס איז דעמלט ניט געווען, און איר קענט זיך פֿאָרשטעלן וויפֿל קויכעס מע האָט געדאַרפֿט פּאַטערן, קעדיי אויסצובויען אַזאַ מין געבייַדע.

— זעט נאָר, זעט סאָראַ גרויסער עקדעש עס ליגט אָן דאָרט אין וואַסער—האָט געזאָגט אַ יונג פֿייגעלע, אָנווייַזנדיק אַף עפּעס אַ גרינלעכע באַשעפֿעניש, וועלכע האָט אַרויסגערוקט איר מויל פֿון וואַסער.

— דאָס איז, מייַן טייַערע, ניט קייַן עקדעש נאָר אַ קראָקאָדיל. די עקדעשן, וועלכע דו האָסט געזען אין רוס־

לאַנד, זײַנען קאַרליקעס אין פֿאַרגלײַך מיט דעם קראָקאָ־דיל. װעגן דעם לעבן פֿון אונדזערע עקדעשן קען איך דיר היפּש דערציילן, אויב דו װילסט.

— אונדזערע עקדעשן לעבן אין פֿאַנאַנדערגעפֿאַלענע װענט, אין שטאַמען פֿון בוימער און אַן אַנדערשמאָל אין נאָרעס. װען דער װעטער איז אַ נאַסער, זיצן זיי אינדערהיים, און װי נאָר ס׳באַװײַזט זיך די זון, קריכן זיי אַרויס אַף אויבן. זיי האָבן ליב װאַרעמקייט, און װאָס װאַרעמער עס איז אינדרויסן, אַלץ בעסער פֿילן זיי זיך, אַלץ פֿרייִלעכער און באַװעגלעכער זײַנען זיי. פֿאַרקערט, אין אַ קאַלטן אָדער נאַסן װעטער, װערן זיי אומעטיק, רירן זיך ניט פֿון אָרט און װערן אָפּטמאָל אַפֿילו דאַרער. אונדזערע עקדעשן זײַנען זייער שיין—זעט װי עס שפּיגלט זיך אַף זייער גרינער רוקן! הײַנט, װאָס פֿאַר אַ נאַשערקעס זיי זײַנען! זיי דערנערן זיך נאָר מיט לעבעדיקער שפּײַז: אַ געװיקס אָדער אַ טויטע כאַיע



וועט אַן עקדעש קיינמאָל איִן מויל ניט נעמען. זיי האָבן זייער ליִב באַבעלעך, נאר ווייכע שפּייַז עסן זיי גערנער ווי האַרטע, און אויב מע זאָל זיי פּאָרלייגן 2 זשוקעס איינעם מיִט אַ האַרטן רוקן־פּאַנצערל און דעם צווייטן מיט אַ ווייכן, וועלן זיי גיכער כאַפּן דעם צווייטן. אייניִקע איִנזעקטן האַלטן, אַפּאָניִם, די עקדעשן פֿאַר ניט קיין געשמאַקע און ריִרן זיך דעריבער צו זיי ניִט צו. נאָר דערפֿאַר עסן זיי אָפּט אויך, ווי אַלע קריִכנדיקע באַלע־כאַיִם, אויף אַפּילע זייערע אייגענע קיִנדער.

— ס׳קען ניִט זייַן!

— צום באַדויערן, טרעפּט עס זייער אָפּט. ניִט קוקנ־דיִק אַף דעם, וואָס דער עקדעש האָט באַ זייַן לענג נאָר 4 פּיִס, איִז ער זייער געשיִקט. זייַן לאַנגער עק העלפּט איִם, און ווען ער פֿאַרליִרט איִם...

— וואָס הייסט ער פֿאַרליִרט איִם? מען קען דען אַן אייגענעם עק פֿאַרליִרן?

— צייַטנווייַז, בעשאס אַ געפֿאַר, ווען דער סוינע כאַפּט אָן דעם עקדעש פֿאַרן עק, קען ער איִם איִבערלאָזן באַם סוינע איִן די נעגל אָן קייַן שום שאָדן פֿאַר זיִך און אַליין אַנטלויפֿן. אָט ווען ער פֿאַרליִרט דעם עק, ווערן שוין זיינע באַוועגונגען ווייניִקער געשיִקט.

— און פֿאַרוואָס ווערן די עקדיִשן באַוועגלעכער אַף דער זון?

— פֿאַרשטייסטו מיִך: איִך מיִט דיִר, פֿערד, בעהיי־מעס, היִנט, היִנער, מענטשן זיינען אַלע וואַרעם־בלוטיִקע

כאַיעס. און באַ די עקדעשן, זשאַבעס, שלאַנגען איז די בלוט וואַרעם נאָר דעמלט, ווען אַרום זיי איז וואַרעם. אויב אָבער אַרום זיי איז קאַלט, ווערט זייער בלוט אויך קעלטער. צו ווינטער־צו ווערט דער עקדעש אַנטשלאָפן, און צו זומער לעבט ער ווייַטער אָפּ. כוץ דעם האָט דער עקדיש נאָך אַן אייגנשאַפט: זיין פייַנע, גרינע פעלכעלע בייַט זיך אין פאַרלויף פון זומער עטלעכע מאָל. זי לושטשעט זיך אַראָפּ, און דער עקדעש, וועלנדיק פּאָטער ווערן פון איר, רייַסט זי אַראָפּ אָן אַ שטיין, און אונטער דעם אויבערשטן שיכט איז שוין גרייט אַ נייַע פעלכל.

— און דאָס טוט אים ניט וויי?

— ניין, דאָס טוט גאָרניט וויי.

— נו, און דער קראָקאָדיל?

— דער קראָקאָדיל איז לויט זיין אויסזען זייער ענלעך אָן אַן עקדעש, נאָר ער איז אַפּולע גרעסער און לעבט אין וואַסער. דו האָסט געזען פישעלעך? זיי לעבן דאָך אויך אין וואַסער, נאָר די פישעלעך עטעמען מיט זשאַברעס, וועלכע געפינען זיך באַ זיי אין קאָפּ, און דער קראָקאָדיל עטעמט, ווי דער מענטש און ווי איך מיט דיר, דורכן מויל מיט זייַנע לונגען, וועלכע געפינען זיך באַ אים אין ברוסטקאַסטן. דאָס פישעלע, ווען עס וויל זיך אופהויבן, בלאָזט עס אָן זיין שווימפענכערל און ווען עס וויל זיך אַראָפּלאָזן—קוועטשט עס אים צונויף.

— און פאַרוואָס לאָזט עס זיך דאַמלסט אַראָפּ?

— איך וועל דיר דערקלערן. נעם אַ גרויסע אײַזער־נע קויל און לאָז עס אַראָפּ אין וואַסער, וועט זי דערבטרונ־קען ווערן, עמעס?

— יע.

— און אַן אײַזערנע קעסטעלע?

— וועט שווימען.

— פֿאַרוואָס?—דערפֿאַר ווײַל אין קעסטעלע איז פֿאַ־ראַן לופֿט, און לופֿט איז גרינגער ווי וואַסער. וועט זיך עס געפֿינען פֿונויבן. דאָסזעלבע איז אויך מיטן פֿישעלע, עס איז שווערער פֿאַר וואַסער—איז אויב עס לאָזט אַרויס די גאַנצע לופֿט פֿון פענכערל, לאָזט זי זיך אַראָפּ אַפֿן דעק און אויב עס בלאָזט אים פֿאַנאַנדער, הויבט עס זיך אויף אינדערהויך.

באַם קראָקאָדיל איז ניטאָ קײַן פענכערל, באַ אים זײַ־נען דאָ לונגען. איז אויב ער נעמט אין זיי אָן לופֿט, קען ער זיך ניט אַראָפּלאָזן אין וואַסער. קעדיי צו אַראָפּלאָזן זיך, מוז ער אַרויסלאָזן די לופֿט.

שלאָפֿן אָן לופֿט קען ער ניט. אויב אָבער אין די לונ־גען וועט זײַן לופֿט, וועט ער זיך ניט קענען אַראָפּלאָזן אַפֿן דעק. דעריבער טאקע שלאָפֿט ער אַפֿן אויבערפֿלאַך פֿון וואַסער. אָט זעסטו, ווי ער האָט זיך צעלייגט אַפֿן זאַמד און מיט דער מאָרדע צום וואַסער, קעדיי גיכער אַ לאָז טאָן זיך אין וואַסער בעשאַס אַ געפֿאַר. ער איז דאָך אַ גרויסער פאַכדן און דערזעלבער צײַט מוירעדיק זשעדנע.

און אָפּט זיצט ער אין וואַסער און רוקט אַרויס אַף אויבן נאָר זײַן מאָרדע, זיצט און וואַרט. און ביטער איז דעמלט, אויב צום וואַסער וועט זיך צורוקן אַ וועלכע עס איז כאַיעלע אָדער עס וועט צופליען אַ פויגעלע אָנטרינקען זיך. איינמאָל, עפּעס געדענק איך, איז אַ קליינער אייזל איבערגעגאַנגען איבער אַ טײַכעלע. אַ קראָקאָדיל האָט אים געכאַפּט פאַרן עק און זיך געסטאַרעט אַראָפּצושלעפּן אים וואָס טיפער. דער אייזל האָט זיך אַרויסגעריסן, און דער קראָקאָדיל האָט אים ווײַטער געכאַפּט פאַרן עק. דער אייזל האָט זיך ווידער אַרויסגעריסן, האָט זיך אַרופגעכאַפּט אַף אַ זאַמד און האָט דערלאַנגט דעם קראָקאָדיל אַ קלאַפּ מיט די הינטערשטע פיס. דער קראָקאָדיל האָט אַזש פאַרוואָיעט פון קאַעס.

— דער קראָקאָדיל וואָיעט דען?

— ער ברומט אָדער בורטשעט. אין וואַסער איז ער זייער געשיקט, אַף דער טריקעניש אָבער איז אים שווערער. דאַמלסט פרוווט ער זיך כיטרעווען: ער ליגט זיך שטילינקערהייט, ווי אַ געשטאָרבענער, און רוקט זיך פּאַמעלעך צו צום אָנגעמערקטן רויב. אויב ער דערזעט, — אַז די כאַיע האָט אים באַמערקט, גייט ער פויל אַוועק אין וואַסער און שווימט אַוועק גאַנץ ווײַט פון ברעג און לאָזט זיך אַראָפּ, און ווי נאָר די כאַיע גייט צו, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך, צום וואַסער שטילן איר דאָרשט, שפרינגט אַרויס דער קראָקאָדיל. דער קראָקאָדיל איז אַ גרויסער פרעסער און האָט אַפילע קויעך — ער וואַרפט זיך אי אַף אַ קעמל, אי אַף אַ מענטשן, נאָר ער זאָגט זיך ניט אָפּ פון קליינינקײַטן אויך.

איך האָב דיר שוין געזאָגט, אַז דער עקדעש טשע־פּעט ניט קיין טויטע כאַיעס, דער קראָקאָדיל אָבער עסט מיט פאַרגעניגן נעווילע־פלייש.

די קראָקאָדילן לייגן אויך ווי די עקדעשן אייער, און פון די אייער פירן זיך אויס קינדער.

— ווי מיר?—פרעגט דאָס יונגינקע פייגעלע.

— יאָ, נאָר אונדזערע מאַמעס זיצן אויס די אייער, ווארעמען זיי אויס מיטן אייגענעם־קערפער און די כאַיעס פאַרגראָבן די אייער אין זאַמד ערגעץ אָנאַזייט ווייט פון אַ זייטיקער אויג. ווען די קינדער דערשיינען אין איי, הויבן זיי אָן פּישטשען, דעמלט צוגראָבט די מאַמע דעם זאַמד, און די קינדערלעך גייען אַרויס אַף דער ווייסער וועלט.

— אָי, קינדערלעך, זעט, זעט! בידנע פייגעלעך, ווי נאַריש זיי זייבען!—האָט אויסגעשריען דאָס פייגעלע.

און טאַקע, ס׳איז עפּעס געווען מוירעדיק צו קוקן, ווי עטלעכע קלייבינקע פייגעלעך זיינען אַריינגעפלויגן אין די אָפענע געמבעס פון די קראָקאָדילן, וועלכע האָבן גערוט, און האָבן זיך דאָרט אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק, ווי ניט זיי מיינט מען, דערביי האָבן זיי עפּעס געפּיקט.

— האָב קיין מוירע ניט, מיין טייערע. דאָס פייגעלע רופט מען טראָכיל און אים וועט דער קראָקאָדיל ניט אָנ־רירן. באַם קראָקאָדיל אין מויל איז אַלע מאָל היפּש קאַליע געוואָרענע פלייש צווישן די ציינער, אַפילו פּיאַווקעס— דער טראָכיל פליט אַריין צו אים אין מויל און פּיקט אויס

אָט די שׂיִראַיִם, און דאָס געפּעלט שטאַרק דעם קראָקאָ־
דיל. ווען ער דאַרף פֿאַרמאַכן דעם מויל, טוט ער פּריִער
אַ ציִ דעם אויבערשטן קיִנבאַק, קעדיי אָנזאָגן דער פֿייגע־
לע, און יענע פֿליִט גליַיך אַרויס.

אַגעוו, האָט דער קראָקאָדיִל ניִט אומזיִסט ליב דעם
טראָכיל. דער טראָכיִל איִז זייִער פּיִלבאַר, ווען עמיִצער
גייִט אַפּן ברעג יאַם, דערהערט ער שוין, הויבט אָן שריַיען.
דער קראָקאָדיִל כאַפּט זיך אוף און באַוויַיזט צו ראַטעווען
זיִך—נאָר געווענט ווען קראָקאָדיל.

— נוּ, מיִר זיַינען מיִט איַיך דורכגעפֿלויגן אַ וואַסער־
יאַם, איִצט דאַרפֿן מיִר פֿליִען דורך אַ זאַמד־יאַם, דורך
אַ מיִדבער. דאָס איִז דער גרעסטער מידבער איִן דער
וועלט—ער הייסט סאַכאַרע.

— וואָס איִז אַזוינס אַ מיִדבער?

— אַ מיִדבער איִז איִנגאַנצן אַ פּוסטער אָרט—וווּהיִן מע
גיִט ניִט אַ קוק, זעט מען נאָר זאַמד. אַן אַנדערשמאָל
בלאָזט דאָ אַ ווינט, וועלכער הויבט און דרייט דעם זאַמד—
דעמלט ווערט דאָ אַ שטורעם, און דער אָנגעגליִטער זאַמד
קען דערשטיִקן יעדע לעבעדיקע זאַך. נאָר איִן מיִדבער
טרעפֿן זיִך אויך קליינע וויִנקעלעך מיִט גריִנס און מיִט
אַ טיַיכעלע—אַזעלכע וויִנקלעך הייסן אָאַזיִסן. דאָ רוען אָפּ
די רייַזנדער—אָן זעט איִר ניִט וויַיט קוסטעס געוויִקסן—
דאָס איִז אַן אָאַזיִס, אַהיִן פֿליִען מיִר איִצט.

איִן דער מיִנוּט האָט זיִך באַוויזן אַ שיינע געוויִקסי־
קע כאַיע. איִרע דיִנע, פֿיַינע פּיִס זיַינען געווען הויך, איִ־



בערהויפּט אָבער איז געווען צו באַמערקן איר שלאַנקע האַלדז. ווען די כאַיע פלעגט אופהויבן דעם קאָפּ, איז פון קאָפּ ביז צו דער ערד געווען א דריַי קלאַפטער: אינדערלענג אָבער האָט די כאַיע געהאַט נאָר 1 קלאַפטער. די פעל אירע האָט אַן אָראַנזש־ראָזלעכן קאָליר מיט צוואָרפענע טונקעלע פלעקן.

— זאָגט נאָר, וואָס איז עס פאַר אַ מאָדנער פערד?

— דאָס איז ניט קיַין פערד, נאָר אַ זשיראַף—זייער אַן אָנגענעמע, שטילע און רויקע כאַיע. דער זשיראַף טשעפּעט קיינעם ניט, און אים רירט קיינער ניט אָן, אויב מען זאָל ניט רעכענען דעם אַלגעמיינעם סוינע פון די כאַיעס— דעם מענטשן.

ס'קומט אַ טשערעדע אָט די כאַיעס, הויבן זיי אוף זייע־רע העלדזער, שטשיפּען אָן צווײַגעלעך און גייען זיך אַוועק ווײַטער—זעט נאָר סאַראַ וואָילע, מילדע אויגן באַ זיי זײַנען.

— אָט איר האָט געזאָגט, אַז אונדזער אַלגעמיינער סוינע איז דער מענטש—איך האָב עס שוין פיל מאָל געהערט—זאָגט נאָר, דאָס איז עמעס?

— עמעס, מיין טײַערע. און איבערהויפּט איז שלעכט דאָס, וואָס דער מענטש טוט אָפּט שלעכטס אָן קיין שום נוץ פאַר זיך. איך פאַרשטיי נאָך, ווען ער צווינגט דעם פערד אַרבעטן אַף זיך—אַלע דאַרפן אַרבעטן...

— אַלע?—נו און מיר?—וואָס קענען מיר טאָן?

— און מיר האָבן אויך געאַרבעט, געאַרבעט פאַר אַלעמען! מיט וואָס האָט איר זיך דערנערט? מיט ווערימלעך, פליגעלעך, באַבעלעך. אײַך איז געווען גאַנץ שווער צו כאַפּן זיי, און אין דערזעלבער צייט האָט איר פאַרניכטעט סאָנים פון וואַלד, פון גאָרטן און פון פעלד. איז אַזוי: זאָל דער מענטש צווינגען אַרבעטן דעם פערד, זאָל ער צווינגען אַרבעטן (אַף זיך) אַנדערע כאַיעס, זאָל ער סאָפּקאָלסאָף טויטן כאַיעס, קעדיי צו שטילן זײַן הונגער—יעדע לעבעדיקע באַשעפעניש וויל דאָך עסן, נאָר צו וואָס פאַטערט ער אָפּט אַזעלכע כאַיעס, וועלכע ער עסט ניט און וועלכע טוען אים קיין שום שאָדן ניט. ווייניק ווערן דען צעפאַטערט פייגעלעך דורכן מענטשן גלאַט אַזוי פון שפּיל וועגן, און זאָגט נאָר, איר וועט דען מאַטערן פון פאַרגעניגן וועגן אַ וועלכע עס איז פליגעלע?

— איך פֿאַרשטיי ניט וואָס הייסט עס מאַטערן פֿון פֿאַרגעניגן וועגן?

— נו, מאַכן סע זאָל איר וויי טאָן.

— בעקיוון?

— יע.

— איך פֿאַרשטיי ווידער ניט צוליב וואָס?

— אָט זעט איר, איר פֿרעגט—פֿאַרוואָס. איך ווייס אויך ניט צוליב וואָס דאָס טוט זיך, נאָר דער מענטש טוט עס. ווען איך בין געזעסן אין שטײַג, האָב איך געזען, ווי מײַן באַלעבאָס ייִנגעלע פֿלעגט כאַפּן פֿליגן, אָפּרײַסן פֿון זיי די פֿליגלען און פֿלעגט זיי לאָזן לויפֿן איבערן טיש. ער האָט דערפֿון געהאַט פֿאַרגעניגן.

— אַנטשולדיקט, נאָך אַ פֿראַגע: איר האָט געזאָגט, אַז איר זײַט געזעסן אין שטײַג. וואָס איז דאָס אַזוינס?

— אַ שטײַג... דאָס פֿאַרשטייסטו מיך...

— אַך, זעט סאַראַ גרויסער שטעכלער עס פויזעט.

— ערשטנס גייט ער, ניט ער פויזעט, און צווייטנס איז עס ניט קיין שטעכלער, נאָר אַ ווילדכאַזער. ער איז



ענלעך אָן אַ שטעכלער, כאָטש ער איז דרײַ מאָל אַזוי די גרויס ווי יענער. אַ שטעכלער דערנערט זיך מיט אינזעקטן, מײַז, קלײנינקע פֿײגעלעך, וועלכע ער כאַפּט זײער געשיקט. ער קען אופֿעסן אַ שלאַנג אויך און דער שלאַנגען־גיפֿט, פֿאַר וועלכן ס'שרעקט זיך אַזוי יעדע כאַיע און אַפֿילע דער מענטש, ווירקט אַף אים ניט. דערווילדכאַזער אָבער עסט נאָר געוויקסן־וואָרצלען, גראָז, פּרוכטן. דער שטעכלער לעבט אין וואַלד באַהאַלטענערהײט אין אַן אויסגעהײלטן בוים, און דער ווילדכאַזער גראָבט אויס לאַנגע קאָרידאָרן אונטער דער ערד. דעם שטעכלערס קאָל איז ענלעך אָן די קלאַנגען פֿון אַ טרויב, ווען אין איר בלאָזט אַ קלײנער יינגל, און דער ווילדכאַזער כריוקעט ווי אַ כאַזער. דער שטעכלער איז באַדעקט מיט נאָדלען, וועלכע ליגן באַ אים. ווי די האָר באַ אַ מענטשן, נאָר ווי ער דערפֿילט אַ סאַקאָנע, שטעלט ער זײ אוף און באַהאַלט צווישן זײ די מאָרדע און די לאַפּקעס און דעמלט קען מען אים ניט אַ ביס טאָן און ניט כאַפּן, ווײַל מע קען זיך צושטעכן. נאָר ווען מע זאָל אַף אים אַ שפּריץ טאָן וואַסער, צולײגט ער צוריק זײַנע נאָדלען. דער ווילדכאַזער פֿאַרטײדיקט זיך נאָך בעסער. ער שטעלט זיך אוף און הויבט נאָך זײַן קלאַפּן מיט די הינטערשטע פֿיס, און פֿון הינטן האָט ער פּוסטע נאָדלען, קלאַפּט ער מיט זײ אויך, קלאַפּט שטאַרק, און די מאָרדעלע שטעקט ער אַרויס, ניט ער פֿאַרבאַהאַלט זי, קוקט דערבײַ זײער בײז אַזוי, אַז אַ מענטש אָדער אַ כאַיע שרעקן זיך אָפּ.

— און פּוסטע נאָדלען קלאַפּן דען שטאַרק?

— שטאַרקער ווי ניט קיין פּוסטע. דו האָסט געזען גלעזער—אויב מע גיסט אין זיי אָן וואַסער און מע קלאַפּט איבער זיי מיט אַ שטעקעלע, קלינגען זיי נאָר שוואַך—אויב אָבער זיי זײַנען פּוסט, קלינגען זיי שטאַרקער. אַזוי איז אויך מיט די נאָדלען—פּוסטע קלאַפּן הילכיקער.

— און ער בײַסט זיך?

— דער ווילדכאַזער? ניין. דער מויל אַפּילע איז בײַ אים אַ קליינינקער, נאָר דערפֿאַר ציינער האָט ער שטאַרקע, ער קען מיט זיי אַפּילע אַ דראָט איבערבײַסן.

— ווי לעכערלעך ער איז! זעט ווי ער קוליעט זיך, ווי וואַזשנע ער גייט, און אונדזער שטעכלער לויפֿט אַלץ.

— און דו ווייסט? דאָס איז ער צופֿעליק אַרויסגעגאַנגען באַטאָג. באַטאָג שלאָפֿט גאָר דער ווילדכאַזער און שפּאַצירן גייט ער באַנאַכט.

— צו וואָס איז דאָס?

— אַזוי טוען פֿיל כאַיעס.

— וואָס זשע זעען זיי באַנאַכט?

— זיי זעען ניט קיין פֿולע, נאָר דערפֿאַר דערהערן זיי גלײַך, ווען ס'דערנעענטערט זיך צו זיי אַ סוינע און פֿילן גוט מיטן נאָז, וואָס ווו עס ליגט.

— ווי אינטערעסאַנט איר דערציילט... נאָר איר האָט עפּעס פֿריער אָנגעהויבן דערציילן וועגן שטײַג.

מ'קען, קינד מײַנס, אויב דו ווילסט, כ'קען דיר דערציילן וועגן שטייג אויך. די זאַך איז געווען אַזוי, איך בין דאָך עלטער פֿאַר דיר מיט 4 יאָר. געבאָרן געוואָרן בין



איך אין רוסלאַנד. קינדערלעך זײַנען בײַ מײַן מאַמען מיטן טאַטן געווען זיבן. דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן אונדז זייער ליב געהאַט. די מאַמע פֿלעגט אונדז וואַרעמען אונ־טער אירע פֿליגל, און דער טאַטע פֿלעגט פֿליען קריגן פֿאַר אונדז שפּייז. דערנאָך האָבן מיר זיך באַדעקט מיט פֿעדערן און מיר פֿלעגן זיך שפּילן ביסלעכווײַז אין נעסט, דערנאָך האָט מען אונדז ביסלעכווײַז געלערנט פֿליען, אייגמאָל, ווען איך האָב געזוכט איבערן וואַלד ווערימלעך און מי־קעלעך, האָב איך דערזען אַף אַ בוים עפּעס אַ קעסטעלע. די ווענטלעך פֿון דער קעסטעלע זײַנען געמאַכט געווען פֿון ריטעלעך. מיך האָט זייער פֿאַרוווּנדערט די קעסטעלע. איך האָב זיך צוגעזעצט נאָענט אַף אַ צווייג און בין אַרופֿ־געשפּרונגען אַפֿן ברעג פֿון קעסטעלע. איך זע, אינעווייניק איז פֿול קערנער, האָב איך אַ שפּרונג געטאָן אַהין. פּלוצ־לונג האָט עפּעס אַ קלאַפּ געטאָן, די ווענטל פֿון די ריטער האָט זיך אופֿגעהויבן, און איך בין געבליבן אַ פֿאַר־שפּאַרטע.

איך האָב זיך געוואָרפֿן אין אַלע זײַטן, געפּרוּווט אָפּ־
רוקן די װענטל, נאָר ס'האָט גאָרנישט געהאָלפֿן. איך האָב
שטאַרק געוויינט, געשריען, גערופֿן דעם טאַטן, די מאַמע, די
ברידער מיט די שוועסטער—קיינער איז אָבער ניט געווען.

פֿון צאָרעס האָב איך זיך פֿאַרשלאָגן אין אַ ווינקל
און האָב געשוויגן. שלאָפֿן האָב איך ניט געקענט. איך האָב
נאָר געטראַכט וועגן דעם, ווו איך בין, וואָס טוט זיך עס
מיט מיר. אַזוי איז דורכגעגאַנגען די נאַכט, אינדערפֿרי
האָב איך דערהערט אַ באַקאַנטן קאָל—דאָס האָט מיך מײַ־
נער אַ ברודערל גערופֿן. איך האָב אַ געשריי געטאָן, ער
איז צוגעלאָפֿן און האָט אַזש אַן אָכצע געטאָן, ווען ער האָט
מיך דערזען אין שטייג. ווײַזט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן אַף
מיר געוואַרט אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, און אינ־
דערפֿרי האָט מען זיך געלאָזט זוכן מיך.

דער ברודער האָט אַפּילע געפּרוּווט ברעכן די ריטער
פֿון שטײַג, נאָר באַ אים האָט אויך קײַן קויכעס ניט גע־
סטאַיעט. ס'זײַנען געקומען צו פֿליען דער טאַטע מיט דער
מאַמען, די ברידער מיט די שוועסטער. אַלע האָבן גע־
פּרוּווט פֿאַנאַנדערוקן די ריטער, נאָר ס'האָט גאָרניט ניט
געהאָלפֿן. זיי האָבן אַלע געוויינט, געשריען. פּלוצלונג האָט
זיך דער שטײַג אַראָפּגעלאָזן. איינער אַ מענטש איז צוגע־
גאַנגען, האָט אים גענומען און איז, אַפּאָנים, געווען זייער
צופֿרידן.

— אַ, אַרײַנגעפֿאַלן, מײַן טײַערע!—האָט ער אַ זאָג
געטאָן און האָט מיך אַרויסגענומען פֿון שטײַג. איך האָב

געווײנט, געבעטן זיך, ער זאָל מיך אָפּלאָזן, נאָר יענער האָט מיך שטאַרק געהאַלטן אין האַנט. האָט מיך אַוועקגעטראָגן אַ הײם און אַרײַנגעזעצט אין אַן אַנדער שטײַג.

ער האָט מיר אָנגעשאָטן קערנער, אַוועקגעשטעלט אַ סלאָיִק מיט וואַסער. נאָר איך האָב ניט געטראַכט ניט וועגן עסן, ניט וועגן טרינקען. איך האָב אַלץ געטראַכט וועגן דעם טאַטן מיט דער מאַמען, וועגן די ברידער מיט די שוועסטער און האָב ביטער געוויינט. אין דעמזעלבן צימער זײַנען געווען נאָך עטלעכע פֿייגעלעך. זיי האָבן מיר אַלע מיטגעפֿילט. אַזוי האָב איך אָפּגעלעבט אין דעם צימער אַ וואָך. דערנאָך האָט דער מענטש, וועלכער האָט מיך געבראַכט פֿון וואַלד, גענומען מײַן שטײַג, אַוועקגעשטעלט אַף אַ וואָגן און אַוועקגעפֿירט אין שטאָט. אין שטאָט האָב איך געזען פֿיל שטײַגן מיט פֿייגעלעך, נאָר אַלע פֿייגעלעך זײַנען געווען פֿאַרומערט.

צום וואָגן איז עפּעס צוגעגאַנגען אַ מענטש, האָט זיך דורכגערעדט מיט מײַן באַלעבאָס, און יענער האָט אים איבערגעגעבן דעם שטײַג. דער נײַער באַלעבאָס האָט מיך געבראַכט אַהיים און אַוועקגעשענקט זײַנע קינדער. די קינדער האָבן זיך זייער דערפֿרייט. זיי פֿלעגן מיך רופֿן מיט צאַרטע נעמען, האָבן מיך אַרײַנגעזעצט אין אַ שיינעם, גרויסן שטײַג, פֿלעגן מיר געבן צוקער און געטריקנטן ברויט, נאָר מיך האָט דאָס גאָרניט געפֿרייט. איך האָב נאָר געבעטן, זיי זאָלן מיך אָפּלאָזן צו טאַטע־מאַמע, נאָר זיי האָבן מיך ניט פֿאַרשטאַנען.



איך האָב לאַנג געלעבט אין שטײַג. דערנערט האָט מען מיך דאָרט גוט, מײַן שטײַג האָט מען געהאַלטן ריין, נאָר דאָס איז פֿונדעסטוועגן דאָך געווען אַ שטײַג! און איך בין דאָך געוואָינט געווען צו לעבן אין וואַלד, שפּרינגען פֿון איין בוים אָפֿן אַנדערן, כאַפּן פֿליגעלעך, שפּילן מיט כאַוועריטעס. און דאָ בין איך געווען אַליין און די עלנטקייט האָט מיך געמאַטערט. איך האָב אָפֿולע געליטן, געוויינט, נאָר מענטשן האָבן מיך ניט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרקערט, זיי האָבן נאָך געוואָלט איך זאָל זיי פֿריילעך מאַכן מיט מײַן געזאַנג.

— שלעכטע זײַנען זיי די מענטשן?

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן?—האָט באַמערקט אַ ציי-לעם־שנאָבל, וועלכער איז נאָר וואָס צוגעפֿלויגן—די מענטשן זײַנען ניט קיין שלעכטע, זיי האָבן אַפֿילע אַ גוטע האַרץ, נאָר זיי פֿאָלגן זעלטן זייער האַרץ.

— אָ, איר זײַט גערעכט. דער מענטש האָט אַ גוטע האַרץ און ער טוט טאַקע אָפֿט גוטס. פֿאַראַן בײַ די מענטשן אַ יאָנטעוו אין אָנהויב פֿרילינג, זייער אַ גרויסער יאָנטעוו.



סטאַרען זיך די מענטשן טאָן אין דעם טאָג עפּעס גוטס, לאָזן זיי אַרויס אונדז, פֿייגעלעך, אַף דער פֿרײַ.

— אַנדערע קויפֿן אַפֿילו בעקיוון פֿייגעלעך, קעדיי אַרויסלאָזן זיי פֿון די שטײַגן—האָט באַמערקט דער צייִ־לעם־שנאָבל.

— אָט האָט טאַקע די מאַמע. מײַן באַלעבאָסטע, פֿאַר־געלייגט אירע קינדער אַרויסלאָזן מיך. זי האָט געזאָגט, אַז די פֿייגעלעך ווילט זיך אויך פֿרייהײַט, אַז ס׳איז געקו־מען דער פֿרילינג, און די פֿייגעלעך ווילט זיך אַ פֿלי טאָן. זי האָט געזאָגט, אַז די פֿייגעלעך קומען דערנאָך צופֿליען געוואָר ווערן אַזעלכע גוטע מענטשן, און די קינדער האָבן אײַנגעשטימט.

— טײַערע וואָילע קינדער—האָט געזאָגט דאָס יונגע פֿייגעלע.

— מיך האָט מען אַרויסגעטראָגן אין דרויסן, געעפֿנט פֿונויבן דעם שטײַג. מיר האָט זיך דאָס ניט געגלויבט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט, צוגעזעצט זיך אַפֿן טירל און־בין אַרויסגעפֿלויגן.

איך האב הויך געצוויטשעט פון פרייד און בין אוועק־געפלויגן אין דעם נאָענטסטן וואַלד.

— אַי־אַי־אַי—האט אַ געשריי געטאָן דאָס יונגע פייגע־לע—זעט סאַראַ גרויסע קאַץ—זי וועט דאָך אײַך אופעסן!

— האָט קיין מוירע ניט, דאָס איז ניט קיין קאַץ. דאָס איז אַ לייביכע און פון הינטן גייט דער „קייסער פון די כאַיעס“—דער לייב. זעט נאָר ווי שיין זיי זײַנען! איבער־הויפּט דער לייב.

דער לייב האָט זיך בייז אַרומגעקוקט און האָט זיך אַוועקגעלייגט. ער האָט זיך געשלאָגן איבער די זײַטן מיטן עק, געדרייט מיטן קאָפּ. בײַ דער לייביכע איז קיין גריווע ניט געווען: זי איז געווען קלענער פאַרן לייב און איז טאַ־קע געווען ענלעך אָף אַ גרויסער, געלער קאַץ.

— אויב דו ווילסט, וועל איך דיר דערציילן וועגן לייבן.

— אָך, דערצייל, כ'בעט דיך! דאָס איז זייער אינטע־רעסאַנט!

— נו, טאָ הער! דער לייב איז אַ רויב־כאַיע. ער פרעסט נאָר פלייש. נאָר פאַר זײַן קויעך, פאַר זײַן שיינהייט און פאַר זײַן איידלמוט רופט מען אים דער „קייסער פון די כאַיעס“. דער לייב פאַלט אָן נאָר דעמלט, ווען ער איז הונגעריק. ער איז מוירעדיק שטאַרק, ניט נאָר די גרעסטע כאַיעס האָבן פאַר אים מוירע, נאָר אַפילע דער מענטש אויך. ווען מען דערהערט אין מידבער דעם לייבס ריטשען, ווערט אַלץ פאַרציטערט; די קעמלען רײַסן זיך אַראָפּ פון

זייערע ערטער, די בעהיימעס קלײַבן זיך צונויף איינײנעם,
די שעפּסן ציטערן, די הינט באַהאַלטן זיך ווי ס׳מאַכט זיך.
דוּ גיב נאָר אַ קוּק אַף זײַן גוּף. ער האָט שטאָלענע מוּסקלען—
אים איז ניט שווער איבערצוּשפּרינגען אַ פּאַרקאַן פֿוּן פֿיר
אַרשין די הויך. אַז ער כאַפּט זיך אַרוּף אַף אַ הויף, קלײַבט
ער זיך אויס אַ קאָרבן. מיט איין קלאַפּ פֿוּן דער לאַפּע
דערהאַרגעט ער אַן אָקס און שפּרינגט איבער מיט אים
איבערן פּאַרקאַן. אויב מע לאָזט זיך יאָגן נאָך אים, לויפֿט
דער לײב אַזוי גיך, אַז קײַן פֿערד וועט אים ניט אָניאָגן.
אַף געיעג גייט דער לייב מערסטנטייל באַנאַכט, זײַנע קאָר-
באָנעס וואַרט ער אָפּ באַם וואַסער, ווּהין די כאַיעס קוּ-
מען זיך אָנטרינקען. מיר איז אויסגעקוּמען צוּ זען אַ לייב
אין זײַן הייל אַרוּמגערינגלט מיט זײַן פֿאַמיליע. כוּצן לייב
מיט דער לייביכע זײַנען דאָ געווען נאָך פֿיר קינדער. די
ל י י ב ע ל ע ך זײַנען נאָך געווען גאָר קליינע, און זייער
מאַמע האָט מיט זיי געשפּילט, ווי אַ קאַץ שפּילט מיט אי-
רע קליינע קעצעלעך. די לייביכע זויגט אירע קינדער גאַנ-
צע זעקס כאַדאָשים און צוּ דער צײַט ווערן זיי גרויס ווי
אַ געוויינטלעכער הויף־הוּנט. אַ גריזווע הויבט אָן וואַקסן
באַם לייב נאָר אַפֿן דריטן יאָר. און אינגאַנצן וואַקסט ער
אויס נאָר אַפֿן זעקסטן יאָר פֿוּן זײַן לעבן. צוּ דער צײַט
וואַקסט אויס זײַן גוּף אַ קלאַפֿטער די לענג. ניט קוּקנדיק
אַף זייער גרויזאַמען קויעך, אַף די בלוּטגיריקײַט פֿוּן די
לייבן און אַף זייער ליבע צוּ פֿרײַהײַט, געוואָינט זיי דער
מענטש דאָך צוּ צוּ זיך. אין די זאָאָלאָגישע גאָרטנס איז
פֿיל געלערנטע לייבן, וועלכע פֿאָלגן זייערע באַלעבאַטים און

האָבן זיי אַפּילע האָלט. אין קאַיר האָב איך געזען ווי איי־נער אַ מענטש האָט געפּירט אַ לייב אַף אַ קייט, ווי מע פּירט אַ הינטעלע.

— דאָס אַלץ איז פאַר מיר ניַי!—האָט אויסגעשריען דאָס יונגינקע פייגעלע.

בייס מאַיסע האָט זיך צום אָאַזיס דערנעענטערט אַ קאַראַוואַן.

— און וואָס זיַינען דאָס פאַר כאַיעס און ס׳אַראַ מאָד־נע מענטשן; פאַרוואָס זיַינען זיי אַזעלכע שוואַרצע? זיי האָבן זיך אויסגעשמירט?

— זיי האָבן אַפּילע ניט געקלערט שמירן זיך. דאָס זיַי־נען אַראַבער—זיי זיַינען פון דער נאַטור אַזעלכע טונקע־לע, און די כאַיעס, וועלכע זיי פירן, הייסן קעמלען. זיי זיַי־נען זייער מיעסע כאַיעס. זעט ס׳אַראַ מינע דער קעמל מאַכט—אַזוי ווי ער וואָלט מיט עפּעס געווען ניט צופרידן. די האַלדז איז באַ אים ווי באַ אַ גאַנדז, און אַפן פּלייצע האָט ער אַ הויקער. די פיס זיַינע זיַינען דינע, לאַנגע און איַנגאַנצן איז ער עפּעס אַ מעגושעמדיקער. מיט זיַין שייַנ־קייַט קען ער יעדנפאַלס ניט שטאָלצירן. נאָר אָן קעמלען וואָלט דער מענטש פאַרפאַלן געוואָרן דאָ אין מידבער.

— דעם קעמל רופט מען דאָס שיף פון מידבער—האָט באַמערקט דער ציילעם־שנאָבל—דער נאָמען איז זייַ־ער אַ פאַסיקער. איר זעט—אַף זיַין פלייצע ליגן פעק, אַף יעדן קעמל לייגט מען באַ 15־20 פּוד מאַסע און ער גייט מיט דעם גרינג און גיך און קען דורכגיין 45 וויאָרסט פאַר

אַ טאָג, און אויב מע פֿאָרט אַף אים רײַטנדיק אָן מאַסע, קען ער דורכלויפֿן מער ווי 150 וויאָרסט אַ טאָג. די ערגסטע גראָזן עסט דער קעמל, און ניט טרינקענדיק קען ער אָפּזײַן אַ וואָך און מער אויך. אין מידבער, ווו אָאַזיסן טרעפֿן זיך זעלטן, איז דאָס זייער וויכטיק. איר זעט אָן יענעם בוים—דאָס איז אַ מימאָזע. זי האָט אַזעלכע שופּן, אַז מע קען מיט זיי דורכשטעכן די פּאָדעשווע פֿון אַ שטיוול, און דער קעמל עסט עס און ס'גייט אים גאָר ניט אָן.

— אַ פֿײַנער מאָגנדל באַ אים,—האָט אַ לאַך געטאָן דאָס יונגע פֿייגעלע.

— אָט דערפֿאַר, ווײַל דער קעמל איז אַ כאַיע, וואָס פּאָדערט ווייניק, איז ער טאַקע נויטיק אין מידבער, ווו קײַן עסן און טרינקען קען מען ניט קריגן עטלעכע טעג נאָכ־אַנאַנד. אַ פֿערד וואָלט קיינמאָל ניט קענען אויסהאַלטן אַזאַ רײַזע, ווי ס'קומט אויס דורכצומאַכן דעם קעמל.

— איך בין געווען אין אזיע—האָט באַמערקט דער צייִלעם־שנאָבל—און האָב דאָרט געזען די 2 הויקערדיקע קעמלען, יענע זײַנען נאָך לעכערלעכער. אַגעוו, איר ווייסט עפּשער די לעגענדע וועגן דעם, ווי די קעמלען זײַנען געקומען אַף דער וועלט?

— ניין, איך ווייס ניט, איך ווייס אַפּילע ניט וואָס איז אַזוינס אַ לעגענדע.

— אַ לעגענדע איז עס אַ פֿאָלק־מאַיסע. אָט האָט גע־לעבט אַ פֿערד—דער פֿערד איז געווען זייער אַ שיינער, נאָר אים האָט זיך געדוכט, אַז ער קען זײַן נאָך שענער.

„אָך“—זאָגט ער אַמאָל—„ווען איך וואָלט געהאַט אַ האַלדז ווי בײַ אַ שוואַן, און ווען מײַנע פֿיס וואָלטן געווען דינער און לענגער און מײַן רוקן וואָלט געווען מער אויסגעבויגן!“

נאָכדעם איז מעקוים געוואָרן זײַן ווונטש, און ווען דער פֿערד האָט דערזען זײַן אייגענעם קערפּער, איז ער פֿאַרציטערט געוואָרן—פֿון דעמלט אָן האָבן פֿערד שטאַרק מוירע פֿאַר קעמלען.

— און דער קעמל איז אַ שטאַרקער?

— ער איז זייער שטאַרק, נאָר נאַריש און אומגעלומפּערט. ווען אַף אים פֿאַלט אָן אַ כאַיע, פֿאַרלירט ער זיך, שרײַט זייער און שפּײַט זיך. אַז אַ פֿויגל זעצט זיך אים אַפֿן האַלדז, שרײַט ער אויך און קען זיך ניט כאַפּן ווי אַראָפּצוטרײַבן זי. אַפֿן וועג דערשרעקט ער זיך פֿאַר אַ שטיין, נעמט זיך וואַרפֿן אין אַלע זײַטן, און אַף אים קוקנדיק, טוען עס אַלע קעמלען נאָך אַזוי, אַז מע דאַרף זיי דערנאָך לאַנג באַרויִקן. דער אַלטער ציילעם-שנאָבל האָט שוין געדרעמלט.

— וואָס, אוילעם, עפּשער איז שוין אונדז אויך צײַט צו שלאָפֿן?—האָט געפֿרעגט דאָס אַלטע פֿייגעלע.

— טאַקע צײַט שוין—האָבן געזאָגט די איבעריקע פֿייגעלעך—און מאָרגן ווײַטער אין וועג, ווײַטער נײַע אײַנדרוקן...

די פֿייגעלעך האָבן זיך אויפֿגעזעצט אַלע איבערינעם, האָן צוגעקוועטשט צום קערפּער די פֿעדערן, האָבן אַרומ-

גענומען די צווײַגעלע מיט זייערע לאַפּקעס און זײַנען אַב־
שלאָפֿן געוואָרן.

נאָר דאָס יונגע פֿייגעלע האָט לאַנג ניט געקענט אײַנשלאָפֿן אין דעם אָוונט. „אָך, וויפֿל אינטערעסאַנטע זאַכן זײַנען פֿאַראַן אַף דער וועלט—האָט זי געטראַכט—און ווי גוט עס איז אַלץ צו וויסן!“



